# בען לײדער

פּאָעמע

בצלאל פרידמאַן

צײכענונג: ביבי פרידמאַן



ניו יאָרק . . . . 1940

ר א ו ב ן  ז אַ ל צ מ אַ נ ע ן
צו זיין פופציקסטן געבורטסטאָג

אַ האַנט־דרוק
דער עקזעקוטיווע און די מיטגלידער
פון ברענטש 127 פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן
פאַר דערלאַנגען די פאָעמע „בען ליידער"
די יידישע לייענער

דעצעמבער 1940.

בצלאל פרידמאַן

## ביכער פון דעם מחבר:

באַלויכטענע וועגן, לידער

דער פאַרגעסענער מענטש, ראָמאַן אין פערזן

6 לייענביכער פאַר די יידישע קינדער־שולן
פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן

## גרייט צום דרוק:

אַ באַנד לידער

אָן טאַטעס — ראָמאַן

אַן אַמעריקאַנער מיידל — פּאָעמע


בענן לײדער
ביבי פריגמאן

בען לײדער. 35 יאָר. אַ ייד.
געפאַלן ביים פאַרטיידיקן מאַדריד.
יאָר 1937. 19 טעג אין פעברואַר —

— — — — — — — — — — — — —

דאָס האַרץ פאַרבײט דאָס בלאַט פון קאַלענדאַר

— — — — — — — — — — — — —

צווישן הימל און ערד קרייזן פייגל.
ס׳האַלדזן זיך ווינטן מיט ווינטן —
העכער נאָך פלאַטערן מענטשן...
רייסן זיך הויך אַלע אויגן:
הימלשע וועגן צו בענטשן — — —

רייסן זיך הויך מיינע אויגן
די הימלשע וועגן צו שעלטן:
זאָל גאַל פון מיין האַרצן פאַר׳סמ׳ען
די לופט פון באַפליגלטן מענטשן,
וואָס רויבט אָפּ דאָס קינד פון דער מאַמען — — — —

ציטערן הויך מיינע אויגן,
ווי שטערן, מיט קללות און ברכות:
ברכות פאַר פלאַטער פון פליגל,
וואָס הענגען מיט לעבנס אויף ווינטן,
צו היטן דאָס קינד אין דעם וויגל...

קללות פאַר פינצטערע פליגל,
וואָס שניידן די לופט אין געיאָמער;
פליקן די זוניקע שטראַלן —
און קינדער אין מיטן געלעכטער
לויפן און פאַלן, און . . . פאַלן — — —

**פלאַטער** צוריק,
היים-צעלאָפּענער אַטעם,
איבער כוואַליעס און טאָל,
איבער שטראַלן און שאָטן —
ס׳איז אפשר דער וועג
שוין פאַרטראָגן, פאַרשאָטן...
פאַרגאַנגענע זונען,
פאַרבלייכטע — די שטערן.
פלאַטער צוריק —
וועסט דערפילן, דערהערן
די נעכט און די טעג:
אַט שטעלט ער די טריט
זיינע ערשטע אין וועג...

שטעל זיך אָפּ אין קעשענאָוו
פון דיין וייטן וואַנדער —
אין אַ שטיבל זוינגט אַ קינד
„ראָזשינקעס מיט מאַנדלען"...

וואָס?... קיין זכר שוין נישטאָ
פון דעם אַלטן שטיבל? —
שטעל זיך אָפּ, פאַרנעם דעם צער
פון פאַרבלייכטן גריבל...

פלאַנץ דאָרט בענים יאָרן איין
אויפן שפּור פון וויגל —
רוף די קינדער און דערצייל
וועגן זיינע פליגל — — —

אונטן — ערד, און שטערן — הויך,
בעני — אין דער מיטן...
אויף אַן אָדלער שטאָלענעם
בעני איז געריטן — — —

אויף אַן אָדלער אין דער לופט
איבער פעלדזן-שפּיצן
דורך די שטורעמדיקסטע נעכט
אין דונערן און בליצן —

— ווער פון בענין העכער איז ? —
— בלויז די זון און שטערן...
בלויז דער הימל האָט געקאָנט
זיינע פליגל הערן — — —

:: :: ::

אָטעם, לאָז די קינדער אָפּ :
זע, ווי ליכט פון אויגן
פלייצט און רייסט זיך צו דער הויך,
וואו בעני איז געפלויגן — — —

## פלאַטער, אָטעם, ווייטער

צו קעשענאָווער קדושים —
ס׳בלוט פון די הרוגים
הערט ניט אויף צו רוישן — — — —

ס׳צאַפּלען זיך די שטיבלעך
פון די טויט-געוואַלטן —
בענין מיט פאַמיליע
האָט אַ קריסט באַהאַלטן.

זוך דעם קריסט אויף, אָטעם,
בענטש זיין טראָט דעם בלייכן :
זאָל זיין עלטער-חלום
ביז בען לײדער גרייכן — — —

זאָג אים, אַז דער יינגל,
וואָס ער האָט פאַרהיט,
האָט מיט וואונדער-פליגל
אין הימל זיך צעבליט...

זאָג אים, אַז אין יענע
טעג פון דער הריגה
זיינען ביי דעם יינגל
אָנגעוואַקסן פליגל — — —

אַז ביינאַנד מיט זון,
ביינאַנד מיט דער לבנה
שטראַלט אויף אונדזער ערד
דאָס ליכט פון זיין מתנה...

... אויב עס האָט די זון
דעם זקן שוין פאַרלאָזן —
פלאַטער, אָטעם, אום
אין רויש פון קבר־גראָזן — — —

פאַרפלאַנץ אויף קבר־ערד
דעם זוים פון פרייד און ליידן
און בענטש דעם זקנ׳ס רו
פאַר אָפּהיטן בען ליידער — — —

געלעגן איז אַ יינגעלע,
באַהאַלטן אונטער אַ בעט.
איצט פלאַטערט עס — אַ בלעטעלע —
איבער ים און שטעט.

געוואוינט שוין זיינען אויערלעך
צום טויטלעכן געוואַלט —
עס גנב'עט איצט די גרענעצן
דורך שרעק פון ווילדן וואַלד...

אין אייגעלעך פיר־יאָריקע
מאַטערט זיך דער חן —
פאַרטריבן ווערט אַ יינגעלע
פון זיין ערשטער היים — — — —

**איבער** כוואַליעס פון דעם ים
שווימט אַן אויסגעפליקטער שטאַם —

אויסגעוואָרצלט פון דער ערד,
וואו זיידעס הענגען פאַר די בערד — — — —

וואו צווישן אַש און ברוך
אַ יתומ'ל זיין מאַמען זוכט...

שיף, פאַרטראָג פון לאַנד און היים,
וואו ס'ציטערט שויב פאַר יעדן שטיין...

וואו חרוב ליגט דאָס וואַסער-פאַס
און ס'וואָרגט זיך ווינט מיט משוגעת — — — —

צווישן ים און האָריזאָנט
ראַנגלט האָפענונג זיך און מאָנט — — — —

שיף, דערטראָג צום נייעם ברעג —
ס'רויכערט אויף צוריק דער וועג — — — —

אויף צוריק איז — פייער, קלאָג — — — —
ווי זעט אוים דער נייער טאָג ?...

בלאָנדזשען אייגעלעך אַרום
און צאַפּלען פֿאַר דער טיף:
ווי קאָן אויף כוואַליעס האַלטן זיך
אַזאַ־אַ גרויסע שיף?...

ווי קאָנען ווינטן אין דער לופֿט
זיך האַלטן און ניט פֿאַלן? —
ווי קאָנען כוואַליעס שוימיקע
שפּילן זיך מיט שטראַלן?...

פֿלאַטערט שוין דאָס ייִנגעלע
אויף אַ כוואַליעס רוקן —
שנעלער, ווייטער פֿון דער שיף
זיינע אייגעלעך קוקן — — —

צווישן הימל און דעם ים
האָפֿענונגען הענגען —
שווימט אַ שיף: דער נייער וועלט
אַ מתנה ברענגען — — —

פרעמד איז בענין
מורא, שרעק
נאָך אין זיינע
יינגל־טעג.

זינט זיין געסל
האָט געברענט,
ביילן זיך
ביי אים די הענט — — —

אין זיין אויער
זידט נאָך שטראָם
פון מאַמעס בלוט
אין דעם פּאָגראָם — — — —

מאַמעס שוידער
און געוואַלט
אין זיין אויער
זיך נאָך האַלט...

און דער שטורעם,
און דער ים
נאָך צעפלאַקערן
דעם פלאַם — — —

און דער הימל,
און די שיף
הויבן הויך
און שניידן טיף...

ברעג פון ניי־וועלט,
ביסט געבענטשט —
נעמסט אַרויף
אַ קינד — אַ מ ע נ ט ש.

קינדערלעך, קינדער,
געזונט זאָלט איר זיין,
אַ מעשה'לע הערט
וועגן סקול הונדערט-ניין.

פון יענער זייט ים
איז געקומען אַהער
אַ יידישער יינגל —
(ער לעבט שוין ניט מער) —

געקומען פון אַלטן,
דעם צאַרישן לאַנד,
וואו ס'לעבן פון יידן
געווען איז צו שאַנד.

געקומען אַ קליינער,
פיר יאָר אַלט בלויז:
ס'האָט אַ פּאָגראָם אים
פאַרטריבן פון הויז.

זיין מאַמען געשלאָגן —
דאָס קינד האָט געזען!
זאָל קיינעם פון אייך
אַזאַ פּיין ניט געשען!...

נאָך שוואַך געווען דעמאָלט
דעם ייִנגעלעס הענט —
נאָר ס'האָבן, ווי קוילן,
זיינע אויגן געברענט...

קינדערלעך, קינדער,
דערציילן איז שווער —
אַזוי איז געקומען
דער ייִנגל אַהער.

ווער ס'האָט אים געזען,
דער האָט גלייך דערקענט:
אין אייגלעך פון ייִנגל
אַ פייערל ברענט...

ער האָט זיך געלערנט
ביי אייך אין דער סקול —
זי אָדער ער, דאכט זיך,
זיצט אויף זיין שטול...

וואַשינגטאָנס, לינקאָלנס
בילדער ער זעט —
זיי קוקן אויף אים,
ווי זיי וואָלטן גערעדט:

אַט גייען זיי ביידע
אַראָפּ פון דער וואַנט . . .
און נעמען אים פירן
געטריי פאַר דער האַנט —

גייען זיי, גייען
דורך טייכן און שטעט —
און דאָס יינגעלע הערט,
און דאָס יינגעלע זעט...

:: :: ::

. . . ס׳ברענען די פעלדער,
ס׳פלאַקערט די ערד —
וואַשינגטאָן יאָגט זיך
פאָראויס אויף זיין פערד!

און ווער עס דערזעט אים,
און ווער עס דערהערט,
לאָדט אָן זיין ביקס
און שאַרפט אָן זיין שווערד.

און ס׳ברענען שוין שלאַכטן
אויף לעבן און טויט —
פאַר אייגענעם לאַנד
און פאַר אייגענעם ברויט.

פעלדזן און טייכן
שרעקן ניט אָפּ —
און העכער, פאָראויס
רייסט זיך וואַשינגטאָנס קאָפּ!...

עס שלאָגט זיך דאָס פאָלק
קעגן פיינט און געווינט —
און דער שונא אַנטלויפט,
און דער שונא אַנטרינט!

גייט וואַשינגטאָן זיגרייך
אַראָפּ אויף דער ערד
און זאָגט צו דעם יינגל:
— איך שענק דיר מיין פערד!...

און ער זעצט אינעם זאָטל
דעם יינגל אַריין —
טראָגט אים דאָס פערד
דורך זוניקער שיין...

טראָגט זיך דער יינגל
ווייטער און ווייט
אויף וואַשינגטאָנס פערד
צו אַ נייערער צייט.

פעלדער און פעלדער
מיט באָוול און ווייץ,
נאָר ס'ווייקט זיך די ערד
אין טרערן און שוויים.

טרערן פון נעגער,
זיין ווייב און זיין קינד —
שטעלט אָפּ זיך דער יינגל
און הערט, ווי עס רינט...

נאָר לינקאָלן פלוצלונג
לויכט אויף ווי אַ בליץ —
דער יינגל דערזעט,
ווי ער שטייט און באַשיצט.

און לינקאָלנס האַנט
איבער פעלדער זיך שפּרייט,
ברעכט און צערייסט
די בייטש און די קייט !...

און איבער די פעלדער
דערהערט זיך אַ פרייד —
און נעגערן גלייכן זיך אוים
און מע גייט !...

און מען גייט, און מען זינגט,
און מען זינגט און מען שפּאַנט —
אַפּריער פירט לינקאָלן
דעם יינגל פאַר אַ האַנט...

און ס'זאָגט צו אים לינקאָלן:
— ווּעסט וואַקסן אַ העלד!
גיי העלפן באַפרייען
די גאַנצענע וועלט!

:: :: ::

לאָזט זיך דער ייִנגל
פּאַראויס און פּאַראויס,
און גלייך מיט די הענט
וואַקסן פליגל אים אויס...

און ס'טראָגט זיך דער ייִנגל
שוין הויך אין דער לופט
מיט אָפענע אויערן:
עמעצער רופט?...

:: :: ::

געווען איז אַ ייִנגל
מיט פליגל אויף הענט...
. . . אין אייערע אויגן
זיין פייערל ברענט!...

וואַקסט געראָטן
יינגל בען
אויף טרוקן ברויט
מיט בוך און פען...

ס'שטייט ביי בלינדער
וואַנט זיין בעט,
פון דער סטעליע
קאַפּעט גרעט...

איז: צום בעסטן
אינעם קלאַס;
און צום פרייסטן
אויף דער גאַס.

צווישן אויטאָס,
אָרום פערד,
צווישן מיסטן
אויף דער ערד.

שמאָל די גאַסן,
הייזער — הויך,
שטענדיק פול מיט
שטויב און רויך.

שטענדיק פול מיט
קינד און קייט —
איז יעדע גאַס אַ
קינדער־בייט...

**אויפֿן** סקול־הויף
האָט אַמאָל
בען דערשפּירט
דאָס ווילדע קול...

דאָס קול, וואָס בייסט
ווי ווילדע ציין...
וואָס צילט אין קאָפּ,
ווי האַרטער שטיין —

אויפן סקול-הויף
אַ געשריי? —
אַ „בולי” מאַטערט
קינדער צוויי!

אויפן סקול-הויף
אַ געוואַלט?! —
בעני שפּירט
דעם טיפן וואַלד — — —

אויפן סקול-הויף
אַ געוויין? —
בענים פויסטן
ווערן שטיין!

און זיי שפּאַלטן
ווי אַ בליץ —
ס'האָט די קינדער
בען באַשיצט!

„בולי” שיפּעט
ווי אַ שלאַנג —
אויף קינדער-טרערן
שטראַלט אַ דאַנק.

הויך איז די זון פון דיין שפּאַן —
קאָנסט גרייכן זי בלויז מיטן בליק...
בענם טרוים איז אַ לופטיקע בריק,
פליגל, מאָטאָר, עראָפּלאַן!

בייטאָג — דורכן הימלשן בלוי,
אין ציטער פון שטערנס — ביינאַכט.
הערן, ווי אָדלער באַוואַכט,
פילן אויף פליגל דעם טוי...

פאַרנאַכט דורכן זוניקן שמעלץ
זיך טראָגן אויף סודות פון ווינט
אַהין, וואו דער זון־שטראַל צערינט
נאָך לעצטער באַהעפטונג מיט פעלדז...

טראָגן זיך איבערן ים
צווישן דער זון און תהום —
וואו שטראָם ווערט באַהאָפטן מיט שטראָם
אין פרייד פון דעם זוניקן פלאַם...

:: :: ::

דער גרעסטער באַשאַף איז דער מענטש,
שטענדיק מיט קאָפּ צום זעניט!...
רייסן זיך הויך בענים טריט...
... זיי, מאַמע, פאַר בענין געבענטשט!

**ס'איז** דעם לאַנד ניט באַשערט געווען הערן
זיין ערשטן געשריי אין דער זון —
גענערט האָט אים מאַמע מיט טרערן,
פאַגראָם האָט פאַרוועבט זיין געזונט.

ניט דאָ האָט אים ס'וויגליד באַצויבערט
מיט ראָזשינקעס, מאַנדלען און נים;
פון שטויב האָט זיין קאָפּ זיך געהויבן,
פון בלאָטעס — געוואַקסן די פיס...

ניט דאָ האָט זיין מאַמע געפּלאַטערט
פון פרייד פון איר קינדס ערשטע טריט;
ניט דאָ האָט דער טאַטע געקוואָלן,
ווען אין מיילכל האָט „טאַטע" געבליט — — — —

נאָר ס'האָט פון דער היים דאָס געבורטסלאַנד
פאַריאָגט טאַטע-מאַמע און קינד —
ווי אַ בוים מיט געשענדעטע וואָרצלען,
אויף כוואַליעס, געיאָגט אין דער בלינד — — — —

אַ לויב דיר, אַמעריקע ניי-וועלט,
פאַר געבן דעם וואַגלער אַ דאַך;
פאַר אומקערן ווירדיקע גאווה,
פאַר מוטיקן וואַנדערערס שפּראַך...

אַ לויב פאַר האָדעוועז בענען,
פאַר פלאַנצן קוראַזש אין זיין שפּאַן —
ס'וועט זיך שטאָלץ מיט דיין זון איבערנעמען
די אַנדערע זייט אָקעאַן!...

אויף גאַסן פון „איסט-סייד" און בראָנזוויל
וואַקסט אַ זון פון פאַרוואָגלטן פאָלק —
עס וועט נאָך זיין אָנדענק זיך בראָנדזן
איבער אַ סקווער פון ניו יאָרק!...

**ס׳פליט** אַ פּיקעט אין דער לופט,
און דער הימל הילכט און רופט:
ס ט ר י י ק!

קענגן די, וואָס קויפן אָפּ דאָס ליכט פון דיינע אויגן,
די וואַרעמקייט פון דיינע הענט,
דעם ציטער פון דיין אָטעם,
און גיבן דיר דערפאַר אַ פענצטער און פיר ווענט,
און ליכט אַ טאָג צווישן זעקס טעג שאָטן — — — —

אויפן הימל טייטלען פינגער:
ס׳פליט אַ פּיקעט קעגן הונגער —
ס ט ר י י ק!

קעגן די, ביי וועמען דו האָסט זיך פאַר׳משכונ׳ט
פאַר אַ העמד אויף הוילן גוף;
אַ ליילעך און אַ קישן;
צווישן היים און שאַפּ — אַ ביסל לופט,
דעם קאַלטן שווייס פון שטערן אָפּצואווישן — — — —

לויטערער פון יעדער שטימע
הילכט די שריפט פון בלויען הימל:
ס ט ר י י ק!

קעגן האַר, וואָס האָט דיין קאָפּ שוין ביז דער ערד געבויגן:
זאָלסט נישט זען, ווי ער מישט
דיין זאַפט אין זיינע בעכער;
זאָלסט נישט הערן, ווי די ווייב די טרערן ווישט
און וואַרגט זיך, ניט צעוויינען זיך נאָך העכער — — — —

אין הימל זיך בען ליידער טראָגט,
און ס׳רופט דער טאָג אַ גאַנצן טאָג:
ס ט ר י י ק!

קעגן די, וואָס וויקלען זיך ביינאַכט אויף ווייכע בעטן
אין וואַרעמקייט פון דיין געזינד...
און אָטעמען מיט לונגען
פון דיין ווייב און שלאָפלאָז קינד,
וואָס האָט ׳שטאָט מילך טראָפּנס צער געשלונגען — — — —

אָ, לויב דיר, ערשטער פליענדיקער פיקעט!
אָ, רום דיר, פליענדיקער בען! —
דו האָסט דעם סטרייק אויף שטראַלן אויפגעהאַנגען
און ס׳האָט ניו יאָרק די שריפט געלייענט און געזען! — — — —

**היים** — צווישן וואַרעמסטע ווענט;
מיטן ביסן פון מויל זיך געטיילט;
געלעגער — פון מאַמעשע הענט...
האַרץ פון אַ האַרץ ווערט געהיילט — — —

היים איז די אָפּנסטע טיר...
אויגן געטרייע ביים שוועל:
מיר זאָל זיין, קינד מיינס, פאַר דיר —
ס'ציילט אַ האַרץ פון דיין פוס יעדן שטעל — — — —

נאָך איידער דיין פנים באַלויכט
דער פרישער פאַרטאָגיקער שטראַל,
אַן אָטעם דיין שטערן באַהויכט...
אַ ברכה אויף ברעם דיינער פאַלט.

אַן אויער מיט האַרץ דיינס זיך קניפּט
און ציילט פון דיין האַרץ יעדן שלאָג —
ס'פלאַטערט אַ קוש פאַר דיין ליפּ
און שפּרייט פאַר דיר אוים פרישן טאָג...

היים, זוי געגריסט און געלויבט
פאַר דיין דאַך, פאַר דיין טיר און דיין שויב —
פאַר דיין שוועל בליט אַ טרייסט און אַ טרער:
ס'טראָגט בענען אַוועק אַ באַגער!...

ס'טראָגט אים אַ הייסער באַגער
אויף שווערסטן, געפערלעכסטן וועג —
בעט אונטער זיין קאָפּ אויף דער ערד,
היים, דיינע נעכט און די טעג — — —

א לײדיק־געבליבן געלעגער —
צו וואָס איז עס מעגלעך פֿאַרגלײַכן ?
צו אַ פֿאַרשװיגענעם זײגער ?...
צו אַן אױסגעטריקנט טײַכל ?...

אַ בעט, װאָס איז לײדיק געװאָרן,
איז װי אַ פֿרישע מצבֿה,
אױף װעלכער ס'קריצט אױס דער זכרון
יעדן נאָענטן, נאָענטסטן אבֿר...

אַ לײדיק־געבליבן געלעגער
זאָל ס'אױג בלױז פֿון שונא פֿאַרנעמען —
פֿרעג : בײַ דער הײם פֿון דעם נעגער,
בײַ שיפֿן מיט װאָגלער פֿון שמ'ען...

קאַלט איז ס'פֿאַרלאָשענע קישן...
רונדיק װי קיזלשטײן האַרטער...
ס'װעט שױן קײן טרער ניט פֿאַרװישן,
אױף קײנעם זיך מער ניט דערװאַרטן !...

שװײַגן די לײלעכער װײַסע,
װי שטעגל אַן מענטשלעכע שפּורן...
דערצײלן דעם װאונדער, די מעשׂה
פֿון בענען, פֿון ײדישער גבֿורה.

**אויף דער שיף** איז דער מענטש אַזוי קליין
קעגן ים, קעגן שוים,
קעגן סופֿ'לאָזן רוים.
אויף דער שיף איז דער מענטש, דאַכט זיך, קליין.

אויף דער שיף איז דער מענטש, דאַכט זיך, קליין
קעגן שטורעם און ווינט.
נאָר די כוואַליע אַנטרינט
פֿאַר דער שיף, וואו ס'איז מענטש, דאַכט זיך, קליין.

צווישן ים און דער שיף, וואָס איז קליין,
ווער פון זיי, ווער געווינט?
ניט דער ים, ניט דער ווינט,
נאָר די שיף, וואו ס׳איז מענטש, דאַכט זיך, קליין.

ס׳איז דער מענטש, וואָס איז קליין, דער טיטאַן
איבער ים, איבער ווינט.
ס׳איז דער מענטש, וואָס פאַרבינדט
ברעג מיט ברעג און אַ לאַנד מיט אַ לאַנד.

ס׳איז דער מענטש — דער טיטאַן, וואָס פאַרקניפּט
ערד מיט ערד, ים מיט ים,
מענטש מיט מענטש, שטאָט מיט שטאָט,
ערד באַהעפטט זיך, ווי ליפּ מיט אַ ליפּ...

ס׳איז דער מענטש אויף דער שיף, וואָס פאַרשמידט
פאָלק מיט פאָלק, שפּראַך מיט שפּראַך,
פרייד מיט פרייד, מאַרך מיט מאַרך,
מאַכמעדאַנער מיט קריסט און מיט ייד!

ס׳איז דער מענטש אויף דער שיף איצטער — בען!
פון אַ לאַנד דערגייט די פּיין,
טראָגט ער פליגל קעגן פיינט!...
וואָס מיט לאַנד וועט מיט אים אויך געשען!...

זיי **וויסן**, העראָאישע פעסטונג מאַדריד;
הער איין זיך, געפאַלענער סאַן־סעבאַסטיאַן:
עס שניידן זיך פליגל שווין דורך אָקעאַן,
עס טראָגט אייך זיין לעבן בען ליידער, דער ייד!

ער איז פון די גערעטנסטע זין פון דעם לאַנד,
ביי מאַמען און טאַטן — די ליכטיקסטע קרוין.
אַזאַ זון איז באַגער פון דער גערעטנסטער פרוי —
אַזאַ זון אויפן שונא אַ שרעקלאָזער שפּאַנט:

טאָלעדאָ! מאַדריד! בען דערהערט אייער רוף:
דער שונא לעשט אוים אייער זוניקן היינט!
עס רייסט זיך זיין אויג פון דער שיף קעגן פיינט,
עס פלאַטערט, ווי פאָן אין די שלאַכטן, זיין גוף.

ביים ליידיקן בעט ברעכט די מאַמע די הענט,
דער טאַטע זיך ווערט קעגן זודיקער טרער...
נאָר טיפער איז וואונד פון דער שפּאַנישער ערד,
ווי אַן אייגענער זון גייט באַשיצן זי בען!

הינטער אים איז זיין לאַנד, הינטער אים איז זיין היים.
צעשאָסענע הימלען און ערד — אין פאָראוים:
צעריסענע קינדער אויף בלוטיקן שוים...
ביזן העכסטן פּלאַנעט גרייכט מאַמעס-געוויין!

און יונג איז נאָך בעני — אין דרייסיקער יאָר,
און היים איז אים טייער, און ס'לאַנד איז אים ליב,
נאָר ס'פּלאַמט שפּאַניעס רוף פון זיין אייגענער ליפּ...
טראָגט בען זיך צום קאַמף פון זיין היימשטאָט ניו יאָרק!

געפאַלן טאָלעדאָ! געפאַר אויף מאַדריד!
ווי לאַווע, דער שונא די פעלדער פאַרפלייצט:
היי, ים-לייט, די שיף אויף מער שנעלקייט צערייצט!
קיין שפּאַניע זיין לעבן טראָגט ליידער, דער ייד!

**וועלט-געוויסן** וואכט ביי דיינע פליגל,
הערצער-אומרו שלאָגט אין דיין מאָטאָר —
העלפסט פאַרשלעפן ס'עופ'עלע אין וויגל.
וויפיל אויגן קוקן אויס דעם הימל:
פיינט זאָל ניט פאַרשניידן דיינע יאָר!

וויפיל אויגן קוקן אויס אויף וואונדער!
וויפיל הערצער קלאַפן אין דעם רוים!
ביסט דער שטאָלץ אין וויגליד פאַר די קינדער —
ס'בענטשט דער פאַסטעך דיך פאַר אָפּהיטן די רינדער,
פאַרן שאָטן פון אַ גאַנצן בוים...

וויפיל ווינטשן ז י ך די קויל אין די געהירן,
איידער זי זאָל טרעפן אין דיין טאַנק:
דיינע פליגל טראָגן קאָמאַנדירן!
ס'פליט מיט דיר דורך ברענענדיקע הימלען
פון פאָלק דאָס אויג, דאָס האַרץ און דער געדאַנק!

ס'קוקן אויגן אויס זיך צו די שטערן.
אין פראָפּעלער — אומרו פון דער שלאַכט:
קריגער אויף אַ פראָנט מיט הוילע הענט זיך ווערן — — — —
מיט קוילן איז דיין לופטשיף אָנגעלאָדן —
גיכע הילף פאַר אַ סכנות'דיקער נאַכט!

בעני, קינד פון קעשענאָווער שרעקן,
גרויסער זון פון ניו יאָרקישן כרך!
זאָלן הערן פון דער וועלט די ווייטסטע העקן:
אַ ווייטער אייניקל פון די מאַראַנען
איבער שפּאַניע פליט צו האַלטן וואַך!...

איבער שפּאַניע מיט די קריגער, אַמוניציע —
ס׳לאַנד האָט קריגס-שטאַב זיינעם בענין אָנגעטרויט!
ס׳רויכערט שוין אויפסניי די אינקוויזיציע,
בענים פליגל סמאַליען אויטאָ-דאַ-פעס,
ס׳רייסט צו זיין פּראָפּעלער זיך דער טויט!

ניט פאַרראַט אים, וואָלקנדיקע הויכן!
ווי מאַמע — ס׳קינד, באַשירעמט אים, היט אָפּ:
זיין לופטשיף זאָל ווי שטראַל די ערד דערגרייכן...
אָ, וואָלקנדיקע, הימלשע געוועבן,
באַשיצט זיין שטראַלנדיקן קאָפּ!

טראָג זיך, גייסט פון באָטווין און הירש לעקערט,
און וואו מען דאַרף קום אָן צו דער מינוט —
הערצער רוישן אין די הימל-שטרעקעס,
אויגן הענגען אַרום דיינע פליגל,
ס׳זידט אין דיינע אברים אונדזער בלוט!...

גוסס׳ן נעכט אין פארטאָגן פון טעג,
גייען אוים טעג אין ביינאַכטן —
בען שטייט פאַר זיין קאָמאַנדיר און ער בעט:
— קאָמאַנדיר, שיק מיך אָפּ אויפן שלאַכטפעלד!

— שלאָגן זיך בין איך געקומען אהער!
באַפעל: מיר אַ באָמבער צו געבן!
ס׳איז געווען און געבליבן מיין קלאָרער באַגער:
אין שלאַכטן צו שטעלן מיין לעבן!

הויבט אויף קאָמאַנדיר פון דער מאַפּע דעם קאָפּ
און דרינגט מיט די אויגן דורך בענען —
פון צוויי ווייטע פעלקער צוויי הערלעכע זין,
צוויי פאָלקס-זין אין קאַמף זיך דערקענען — — —

— דאָס לאַנד איז דאָס שלאַכטפעלד! און דו האָסט צוהילף
געבראַכט אונדזער לאַנד דיינע פליגל!
ס׳פילט בעני: דער צוטרוי פון דעם קאָמאַנדיר
אין זיינע שוואַרצאַפּלען זיך שפיגלט — — — .

— דו דינסט ווי אַ זון פון דעם אייגענעם פאָלק,
פיר ווייטער דיין פליכט אוים מיט ערע;
דו ביסט אויפן שלאַכטפעלד, און פליכט דיינע איז:
צו העלפן די פראָנטן זיך ווערן!

— זיי שטאָלץ אויף דער פליכט, וואָס מ'האָט דיר פאַרטרויט,
שטאָלציר מיט דיין שיף לאַקהיד־וועגאַ !
דורך פייער אין הימלען ברענג ווייטער די הילף
צום פראָנט אין געפערלעכסטער רגע !

. . . עס שטיקט זיך די נאַכט מיט איר אייגענעם טויט —
די עכאָס, ווי הילף־רופן, שרעקן !...
פיינטלעכע קוילן אין מיטן דער נאַכט
די קינדער צום לעצטן מאָל וועקן...

צוויי זין פון צוויי פעלקער — איין לעבן, איין טויט.
און די נאַכט — ווי וואולקאַן — אַ געשפּאַנטע !...
דער פעלד־טעלעפאָן האָט זיך רעש'יק צעהילכט :
— בען ליידער, דיך רופט אַליקאַנטע !...

. . . ליכטיקע פליגל אין פינצטערער נאַכט
שניידן די לופטיקע שטראָמען —
געלאָדענע וואָלקנס, צעשפּרייט זיך, צעגייט :
בען טאָר קיין מינוט ניט פאַרזאַמען ! ! !

**נישט פון שלאַקסן**, נישט פון דונערן און בליצן
דאַרף זיין לאַקהיד־וועגאַ בען באַשיצן.

אין די הימלען איז בען לײַדער אויג און אויער:
שונא ערגעץ ווי אַ שעפּסן־אָדלער לויערט — — —

שלאָפט דער פויגל, בליט דאָס טרויבן־ענגל —
בלויז דער שונא רוט ניט אין זיין הענקעל!...

היט זיך, לײַדער, טראָג זיך ווי דער שטורעם!
ס׳האָט אויסגעשפּירט אַ הענקעל דיינע שפּורן!...

אָפּגעריסן האָט ער פון דער ערד זיך,
ווי דער שעפּסן־אָדלער רייסט אָפּ פונעם פעלדז זיך —

און ער טראָגט זיך און ער רייסט זיך נאָך דיין וועגאַ!
שנייד די נאַכט, בען, ס׳איז סכנה יעדע רגע!

שווייגט דער הימל און די כמאַרע ליגט פאַרטאַיעט —
ס׳יאָגט אויף פליגל זיך נאָך לײַדערן אַ חיה!

נאַכט, אָ נאַכט! אָ, לאָז ניט, נאַכט, זיך שענדן!...
כ׳פאַרשווער דיך: שונא׳ס אויגן צו פאַרבלענדן!

פאַרשטעל דעם וועג אים, כמאַרע פינצטערע און שווערע:
דעם שונא׳ס פליגל באָדן זיך אין בלוט און טרערן!...

האַלט בענם וועגאַ פון דעם שונא׳ס אויג פאַרהוילן
און נעם אַריין אין זיך דעם פייער פון די קוילן.

ס׳יאָגט דער טויט זיך אויפן לעבן פון בען לײדער —
לאָז ניט, נאַכט, דעם שונא לעבן זיינס פאַרשניידן!

נאַכט! פאַרהאַלט דעם טויט אין דיינע הימל-הויכן,
ביז ס׳וועלן לײדערס פליגל אַליקאַנטע גרייכן!

האַסטיק פלאַטערט ס׳בלוט
אין יעדן אָדער —
פון זיין קאָמאַנדיר
בעט לײדער פאָדערט:

— גיב אַ שלאַכט־שיף מיר,
כ׳קאָן ניט לענגער! —
אויף קאָמאַנדירס אַ ליפּ
בלייבט אַ שמייכל הענגען...

— פאַר דער שלאַכט האָב איך
געבראַכט מיין לעבן —
כ׳וועל גנב׳ענען אַ באָמבער,
אויב איר וועט ניט געבן!...

און פאַר די הייסע רייד
זיך גלייך אַנטשולדיקט :
— פאַרגיב מיר, קאָמאַנדיר,
פאַר רעדן אומגעדולדיק !...

— ס׳האָט קלאָרער ציל אַהער
מיך דרייסט געטראָגן —
באַשטיי איך אויף מיין פליכט :
דעם פיינט צו שלאָגן !

— ווען פיינט יאָגט נאָך מיין שיף,
אַנטרין איך מאַכטלאָז —
איך וויל מיט קויל צו קויל
אים שלאָגן אויפן שלאַכטפעלד !...

— באַוויליק, קאָמאַנדיר :
עס מאָנט מיין שבועה !...
(געטריי איז זי ווי שוויים
אויף פעלדער תבואה...)

ס׳האָבן זיך צוויי הענט
געשלאָסן און צעזעגנט —
— גיי, בען, דערפיל דיין פליכט :
דעם פיינט באַגעגן ! — — — —

**בען ליידער** האָט זיך זיבן טעג געגרייט,
ווי שלאָגן שונא, הענגענדיק אויף ווינטן —
איצט שטייט ער, אַ געהייליקטער אין פרייד:
ער וועט מאָטאָר פון באָמבער זיינעם באַלד אַ צינד טאָן!...

ער הויבט זיין באָמבער אויף באַלד אין דער לופט
אויף שיצן איבער שטאָט און פעלד די שטראַלן — — — —
און הערן וועט ער יעדע שטים, וואָס רופט...
און קעמפן וועט ער — קעמפן אָדער פאַלן!

ער איז אצינד א טייל פון דעם סקוואדראָן,
וואָס דאַרף די הימלען פון מאַדריד באַשיצן —
ער פילט, ווי ס׳ציטערט האַרץ, ווי יעדע פאָן,
וואָס פלאַטערט פריי פון די מאַדרידער שפּיצן !...

ביסט ערע און געוויסן, שטאָט מאַדריד !
שטייסט—אַ שטאָלצער מאַסטבוים—צווישן ווילדע שטראָמען—
באַוואַכן דיך וועט העלפן בען דער ייד,
ער האָט מיט דיר פאַרקניפּט זיין גורל און זיין נאָמען !...

ער שטייט אַן אומגעדולדיקער אויף וואַך,
גרייט באַגעגענען די הענקעלס און פיאַטן —
דערקענען וועט זיין אויג דעם פיינט אין מיטן נאַכט,
זיין אויער וועט אים קיינמאָל ניט פאַרראַטן !...

און מעג דעם שונא׳ס לופט-אַרמאַדע זיין ווי גרויס,
וועט יידער קעגן איר ביז לעצטער קויל זיך וערן !
מאַדריד זאָל בלייבן זיכער, ווי אַ מאַמעס שויס,
ניט זינקען זאָל די שטאָט אין טאָל פון טרערן !

זיי מוחל, לאַקהיד-וועגאַ, טראָג ניט קיין פאַרדרוס —
בען לאָזט אַ וואָלונטיר, אַ צווייטן ביי דיין רודער...
ס׳פלאַטערט צווישן דיר און קויל זיין הייסער גרוס,
ווען אויף דיין הילף אין פייער וואַרטן ברידער !...

**ס׳איז ווייס** מאַדריד און ווייס אַרום די פעלדער,
ווי פרישער ליילעך אויף געלעגער אומבאַריטן —
ווי יונגפרוי אָרעמס שטרעקן זיך צו זון די ווייסע צווייגן
און פלאַטערן אין שטראַלן-גאָלד פאַרפרירטן — — —
ס׳דאַכט זיך : ס׳וועט דער טאָג אַ טאָג אַ גאַנצן שווייגן...

פון קיינעם איז דער שניי נאָך ניט באַטראָטן,
ליגט ער אַזאַ זויבערדיק-באַרוטער —
וועט היינט מאַדריד באַשערט זיין דורכלעבן אַ טאָג אָן פחד,
צי וועט דער שניי צעגיין אין קינדערישע בלוטן? — — —
. . . בען ליידער וואַכט מיט לופטשיף זיינער ביי באַראַכאַ!

וויפיל מאָל איז שוין דער שונא אָנגעפלויגן,
צו פאַרצוקן, ווי אַ ווילדער פויגל —
וואַרפט אויף אים זיך דער סקוואַדראָן און צווישן אים —
בען ליידער,
דעם פיינט מיט קוילן אויספיקן די אויגן!...
דעם וועג אים אויף מאַדריד מיט פייער אָפּצושניידן!...

נאָר היינט האָט אויפגעוועקט מאַדריד זיך אַ צעשטראַלטער,
אַ פראָסטיק-פרישער און אַ זוניק-שטייפער —
די זון, דער בלאַנקער שניי — ס׳וועט וועמען ווער פאַרבלענדן?...
ס׳איז היינט מאַדריד אַ יונגע פרוי, אַ ניט-באַרירטע, רייפע —
אַזאַ, וואָס נאָר דער טויט פאַרצוקן קאָן און שענדן!

און איבער בלויען אייז וועט קינדער-פרייד באַלד הילכן,
קינדער-אָטעם וועט זיך צאַפּלען אין דער לופטן — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

אַ שוואַרצע כמאַרע קראָען האָט די זון דערוואָרגן!
אָפּגעהאַקטע שטראַלן האָבן הילף גערופן —
פינצטער איז געוואָרן דער מאַדרידער מאָרגן — — —

**פון דעם לופטפעלד** רייסט זיך דער סקוואַדראָן:
הענקעלס און פּיאַטן קומען אָן!

פּופּצן לעבנס אויף די ווינטן קעגן פיינט —
ס'האָט דער הימל זיך מיט פייער־טויט צעשיינט!

טויט אויף טויט! און עראָפּלאַן אויף עראָפּלאַן!
ס'וואַרגט דער הימל, ווי אַן אָפענער וואולקאַן!

טויט אַנטקעגן, טויט פון נידער, פון דער הויך —
ס'וויקלען לעבן זיך אין פייער און אין רויך!

פּופּצן לעבנס קעגן שונא'ס צוואַנציק־צוויי —
ס'וואַרט דער טויט אויף בלויז איין אומגעשיקטן דריי!...

נאָך אַ הענקעל טראָגט זיך ליידער אין געיעג —
טויט און פייער שניידן דורך זיין וועג!

ס'האָט דער שונא זיך געטאָן איין פאַלשן בויג —
— יאָג זיך, קויל, נאָך פלינקער פון מיין אויג!...

קריצן ציין און ס'דריגען הייסע פּיס:
— ציל, מאַשין־ביקס, ווי דאָס אויג, און שיס!

— ציל, מאַשין־ביקס, ברען ווי מיין געדאַנק — — —
וואַסער טריפט פון שונא׳ס אָפּקיל־טאַנק !...

— לאָז, מאַשין־ביקס, אויף קיין רגע אים ניט אָפּ !
אין פלאַמען לאָזט דער הענקעל זיך אַראָפּ !...

ס׳רייסט דער הענקעל אויף, ווי לאַווע, אין דער לופט —
דאַכט זיך בענען : דער פּאַשיזם רעטונג רופט !...

ס׳וויקלט זיך אין רויך די לופט־שיף, ווי אַ שרויף...
ס׳רייסט פּאַר ליידערס אויגן דער פּאַשיזם אויף !

ניט קיין הענקעל, ניט קיין פליער פאַלט אַראָפּ —
ס׳פליט אַ שלאַנג און פלאַם פאַרצערט איר קאָפּ !...

ס׳ברענט איר קאָפּ און ס׳רויכערט זיך איר עק —
אויף דער ערד רייסט אויף דער מענטשהייטס ש ר ע ק ! — — — —

**אָ, באַרג,** פֿאַרנעם ! באַדויער, טאָל ! —
ס׳פּליט היינט בען צום לעצטן מאָל...

אָ, הימל, הער ! אָ, זון, פֿאַרנעם
דעם לעצטן שטראַל אויף בענים ברעם...

אָ, לעצטער טאָג, אין פּיין זיך שייד :
היינט האַקן אָפּ זיך זיינע רייד — — —

אָ, גרייט זיך, ווייכער, ווייסער שניי —
וועסט היינט אין בענים האַרץ צעגיין...

אָ, ווינט, ווי מאַמע היינט אים טראָג:
ס'איז היינט זיין לעצטער ווינטער־טאָג!...

אָ, לעצטע נאַכט, ביסט שוין נישטאָ...
דער טאָג שלאָגט אוים זיין לעצטע שעה! — — — —

אָ, מאַמע, האָט דיר ס'האַרץ געזאָגט:
דיין זון פאַרגייט אין מיטן טאָג — — — —

אָ, טאַטע, טאַנען דיינע קני? —
דיין זון זיך טראָגט אויף לעצטן פלי — — — —

וואו נאָר ס'וואַרטן ליבע פריינט —
וואָס זאָגן הערצער פאַר זיי היינט?...

געליבטע, פילסט דעם טיפסטן שניט? —
דיין לעצטע האָפענונג פאַרבליט — — —

די לעצטע טרער אין אויג פאַרהאַלט —
פון איר וועט שטראַלן בענם געשטאַלט — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

**אין לויטערער זונשיין**

— ?וועמעס בלוט שרייט

ס'איז בען דאָך פון טויט

— — — וואונדערלעך ווייט

ווי ווייט ס'איז דער טאָל

— פון דעם הימל־זעניט

ווען האָט אַ לעבן

...?אַזוי זוניק געבליט

ער שטייט ביי זיין לופט־שיף,

— פון פראָסט־זון געשטייפט

ווען האָט אַ לעבן

...?אַזוי ליכטיק גערייפט

ס'האָט אין די שטראַלן

— זיין קאָפּ זיך צעבליט

ווען האָט אַ לעבן

...?אַזוי ס'לעבן פאַרהיט

הערן פאַרגאַפטע

— די בערג און דאָס פעלד

די ווינטן צערווישן

דעם סוד וועגן העלד :

— זיין וויג אין פּאָגראָמען,
אין ניו יאָרק זיינע טריט,
און איצט אויף דער וואַך
פון דער הויפּט־שטאָט מאַדריד!

— ווייט איז זיין היימלאַנד,
אויף יענער זייט ים —
אַמאָל האָט אין שפּאַניע
געוואָרצלט זיין שטאַם — — —

ס׳האָט שפּאַניע דעמאָלט,
ווי פרילינג, געבליט,
ביז אויף „הייליקן פייער״
האָט זיין אורפּאָלק געקניט — — —

ס׳האָט שפּאַניע דעמאָלט
אויף לענדער גע׳שמ׳ט,
ביז אויטאָ־דאַ־פע האָט
זיין שטאַם אויסגעבערענט — — —

איצט שטראַלט אויף די פליגל
פון זיין עראָפּלאַן
דאָס ליכט פון די אויגן
פון לעצטן מאַראַן! — — —

— ניין, מיין קינד, דאָס זיינען
ניט קיין ווילדע שוואַנען !...
ס׳טראָגן אויף מאַדריד זיך
שונא׳ס עראָפּלאַנען !

— טאָרסט אים ניט פאַרגלייכן
צו דער ווילדסטער חיה :
אין דעם שנאָבל טראָגט ער
מבול׳דיקן פייער !

— פאַלט פון זיינע פליגל
אויפן פעלד דער שאָטן —
וועט שוין קיינמאָל מער ניט
דאָרט דאָס ברויט געראָטן !...

— פאַלט אויף שטאָט דער שאָטן
פון זיין ווילדן שנאָבל —
ווערן דאָרטן קינדער
לעבעדיק באַגראָבן !...

— שטראָמט אויף דרערד דאָס פייער
פון דעם שונא׳ס אויגן,
גייען אוים די קינדער
אין דעם מיטן זויגן — — — —

— ווער־זשע פליט דאָרט, מאַמע,
דרייסט אַנטקעגן שונא ?
— קינד, דאָס איז דיין ברודער
מיט ברידער נאָך אַזוינע !...

— מאַמע, ס׳פליט אַ ברודער
פיינט דעם וועג פאַרשניידן !
— קינד, ער איז אַ ברודער
און ער הייסט בען ליידער !...

— ער איז פון לאַנד פון ווייטן
אַזש אַהער געפלויגן —
פון דאָרט האָט ער דעם פיינט
דערזען מיט זיינע אויגן !...

— מאַמע, זע ! דער ברודער
פאַלט אַראָפּ אין פלאַמען !
ס׳איז מיין ווייטער ברודער ! . . .
— — — — — — מאַמע ! ! ! . . .

...**דורך דיין לעבן** האָבן דעם אַטלאַנטיקס ווייטע ברעגן,
ווי מיט צוואַנג צעשיידטע ברידער זיך באַגעגנט — — —

צווישן ווייטע ברעגן פון אַטלאַנטיק שוועבט דיין נאָמען —
א וואונדער־בריק אויף אָפּגרונטן און שטראָמען — — —

ראַנגלט אויף דעם ים אַ שיף זיך דורכן נעפּל בלינדן —
זאָל דיין אָנדענק זי מיט האָפענונג און ברעג פאַרבינדן — — —

וואָלקנס פאַר דעם פליער אויף דעם הימל־וועג זיך שפּינען —
זאָל ער מיט דיין ליכט דעם ווייטסטן ברעג געפינען —

ווען אויף שפּאַניע וועלן זיך פאַרהיילן אַלע פּיינען —
וועט דיין אָנדענק ליכטיקער פון אַלע שויבן שיינען —

ווען די צוקונפט וועט די פעלקער ברידערלעך פאַרקניפּן —
וועט דיין אָנדענק פלאַטערן אויף קינדערשע ליפּן — — —

ס׳וועט דיין אָנדענק אין געוויסן פון די פעלקער בלייבן —
ס׳ציטערט האַנט דיין נאָמען פאַר די דורות צו פאַרשרייבן:

**בען לײדער.** 35 יאָר. אַ ייד.
געפאַלן ביים פאַרטיידיקן מאַדריד.
יאָר 1937. 19 טעג אין פעברואַר.
— — — — — — — — — — —

דאָס הארץ פאַרבייט דאָס בלאַט פון קאַלענדער —
— — — — — — — — — — — — — — —

. . . מאַמע אויף עלטערע יאָרן,
דיין אַנטרונענעם בענען פאַרגיב —
געפין אים ביים פאָלק אין זכרון,
ביי פעלקער, ביים פאָלק איז ער ליב — — — —

. . . אויב פיין און אַ בענקעניש נאָגן
און בעטן צוקאָפּנס זיך אויס, —
ביסטו שטאָלץ געווען, מאַמע, פאַרמאָגן
אַ זון ביי דעם פאָלק אין דעם שוים !...

ס׳איז דיין זון ווי די זון ניט פאַרשוואונדן...
ניט פאַרנעפּלען דיין אויג זאָל די פּיין —
ס׳האָט אַ בליץ זיינע פליגל געצונדן
אויף זיין פלי צו דער ליכטיקסטער שיין !...